# דִי גָאלְדֶערְנֶע בֶּעטְ'ל.*

אָדֶער

# דֶער פְּרוֹיעֶנְיֶעגֶער.

אַ מֶערְקְווירְדִיגֶע גֶעשִׁיכְטֶע וואָס האָט גֶעטְראָפֶען מִיט אַ שֵׁיינֶע פְּרוֹיעֶנְצִימֶער זִי אִיז גֶעפַאנְגֶען גֶעוואָרֶען אַלְס שְׁקְלַאפִין אוּן אִיז נאָכְדֶעם גְלִיקְלִיךְ גֶעוואָרֶען.

קופירט פון אַלטע מאַנוסקריפטען

דורך

## יְהוֹשֻׁעַ הַלֵוִי מֵזַח.

פערלאַג פון בוכהאַנדלונג **יצחק פונק** ווילנא.

ווילנא

עת"ר

Ди голдерне Бетель.

т. е. Золотая кровать. Соч. О. МЕЙЗАХА.

1910 г.

тип. Ціонсо..ч.

# א.

## צו די לעזער

(אזויא גוט וויא א פאררעדע).

שוין לאנג האבען מיר געזאגט אין אונזערע „כללים אין מענשליכען לעבען" דאס עס זענען פאראן צווייערליי מגידים (והוא הדין סופרים) איינער פיהרט די וועלט אין מדרש אריין און איינער פיהרט דעם מדרש אין דער וועלט אריין.

מיר זענען זיך אפט נוהג צו טהון ווי דער ערשטער. מיר פיהרען די וועלט אין מדרש אריין, קוים האבען מיר א פראקטישע מעשה וואס האט פאסירט אין אונזערע צייטען, אדער מיט א פאר דורות פריהער, זוכען מיר אין מדרש א מעשה עס זאל זיין איינ-ליך (פאחאזע) צו אונזער פאקטישע געשיכטע און מיר טהוען ווי הלל הזקן האט געטהון מיט מצה און מרור: עסען ביידע צוזאמען, מיר זענען זיכער אז דער לעזער וועט האבען דערפון פערגניגען, וויל ביידע סוטעטען וואס דערפון ווערט אויסגעצייכענט איין וואונ-דערליכער פראקטישער ספור. זענען אמת. עס קאן מעגליך זיין אז דער גאנצער ספור האט אין מדרש צייט געטראפען, נור דער בעל מדריש (מדרש תנחומא) ערצעהלט דאס אונז בקיצור און מיר בעשרייבען דאס באריכות אקוראד ווי אין אונזערע צייטען וואלט דאס געטראפען. אלזא מיינע ליבע לעזער הערט אוים די געשיכטע לעזט און האט פערגניגען.

שר של ים.

---

(גאלדענע בעטל)

## ב. !

פון דער צייט וואָס גאָט ברוך הוא וברוך שמו האָט געגעבען זיין הייליגע תורה אויף דעם באַרג סיני דורך משה רבינו ע"ה און די יודען האָבען איהר מקבל געווען, האָבען זיך געפונען ביי זיי פיל יודען וואָס דורך די תורה האָבען זיי זיך מפרנס געווען. די יודען וואָס האָבען געהאַט גרויסע שאַרפע קעפּ האָבען געגרינדעט „ישיבות" געלערנט מיט פיל תלמידים. זיי געפיה־ט בדרך הישר על פי התורה והמצוה. און די שטאָדט־לייט האָבען זיי געשטיצט פערזאָרגט מיט לעבענס־מיטעל.

צווישען די תלמידים זענען געווען אַלערליי מענשען, זעהער פרומע פאַנאַטיקער אין פריי געזאָגענע, חריפים און בקיאים, פרושים און בעלי תאות, רייכע און אָרעמע, מיוחסים און פון פראָסטע פאַמיליעס.

דער לערנען איז געווען דער בעסטער געשעפט, כמעט אַ בעסערער געשעפט ווי אַלע אַנדערע געשעפטען.

פיעל מענשען האָבען געלערנט מקיים צו זיין די מצוה פון לערנען, מאַנכע יודען האָבען דאָס געטהון (געלערנט) אַלס פער־גניגען, זיי האָבען גרויס הנאה געהאַט פון דעם למוד.

באמת דער לערנען תורה און חכמה איז אַ גרויס רוחניות'דיגע פערגניגען. דער „לערנער" עפענט אויף די אויגען, ער שאַרפט דעם שכל, ער ווערט קלוג *) און פראַקטיש, די יודישע שונאים וואָס זוכען אַלערליי בלבולים אויף דעם יודען זענען אויך מודה

*) הרוצה שיתחכם יעסוק בדיני ממונות. (ברכות ס"ג, ב"ב קע"ה).

(גאָלדענע בקסל)

בעל כרחם דאָס דער יודע בכלל איז קלוג און פראַקטיש, זיין מוח איז שאַרף און שפּיטציג, זיין צונג געשליפען, און דאָס אַלס קומט פון לערנען תורה. אָבער דער וואָס לערנט ניט בלייבט אַ נאַר... דערפאַר האָבען פיל, — כמעט אַלע עלטערן געוואָלט מאַכען זייערע קינדער פאַר קלוגע. האָבען זיי שטאַרק פערלאַנגט דאָס זיי זאָלען לערנען, האָבען זיי די קינדער זייערע אָפּגעגעבען צו גוטע מלמדים. דאָס האָט זיי געקאָסט גוטע געלד.

די אָרעמע קינדער וואָס די עלטערן קענען פאַר זיי ניט צאָהלען, אָדער יתומים. פלעגען לערנען אין אַ ישיבה, דער רבי, אָדער ראש ישיבה, פלעגט צוזאַמענעמען פיל תלמידים און גע־לערנט מיט זיי אַלעמען אויף איין מאָל, די בע"ב פון שטאָדט האָבען מחזיק געווען דעם ראש ישיבה מיט די קלויזניקעס און אז די הוצאה איז געווען זעהר גרויס, עס האָבען די שטאָדטיגע בע"ב ניט געקאָנט געבען אַזוי פיל געלד וויפיל די ישיבה דאַרף האָבען, פלעגט מען אַרויסשיקען שלוחים אין אַנדערע שטעדט נאָהנטע און וויטע צונויף נעהמען נדבות פאַר די ישיבות, און אַזוי ווי פון פיל פערשידענע קלויזניקעס קאָן מען בעסער שאַרפען דעם שכל, ווייל יעדערער פרעגט אַנאַנדער קשיא און יעדערער ענטפערט אַנאַנדער תירוץ, דאַרום האָבען אונזערע חכמים געזאָגט הזהרו בבני עניים שמהן תצא תורה (נדרים פ"א) אין נאָך אַן אָרט זאָגט די גמרא הזהרו בבני עמי הארץ שמהן תצא תורה סנהד' צ"ו. דאָס הייסט: זענט פאָרזיכטיג מיט די אָרעמע קינדער ווייל פון זיי ווערט די תורה פערברייטעט. און דאַרום האָט געטראָפען דאָס אַ רייכער מאַן פלעגט זיין זאָהן שיקען אין אַ גרויסע ישיבה לערנען תורה, כדי ער זאָל זיך מקנא זיין אָן די אָרעמע קינדער וועט ער דורך דעם פיל תורה לערנען.

(נאָלדענע בעסל)

## ג.

שלומיאל איז געווען ארייכער יתום. זיין פאטער פלטיאל איז געווען א צדיק און א רייכער מאן, ביי איהם איז געווען תורה און גדולה צוזאמען, ער האט אבער ניט לאנג געלעבט אויף דער וועלט, ווייל ער האט אויף זיין לעבען צופיעל געפאסט, זיך געפייניגט אזוי פיל אז זיין קערפער איז מאגער געווארען, און דאס ווייסען אלע: אז א נשמה אהן א קערפער קאן אויף דער וועלט ניט זיין.

פאר זיין שטארבען האט ער צוגערופען זיין בן יחיד צום בעט און האט צו איהם געזאגט: דו זאלסט וויסען מיין קינד אז תורה איז די בעסטע סחורה. ווער עס לערנט האט איהם גאט ליעב און לייטען שעטצען איהם, ער קויפט זיך די און יענע וועלט. ער איז א גליקליכער מענש, פיל לייט זענען איהם מקנא. איהם איז בעסער ווי דעם גרעסטען גביר, ווייל דער רייכסטער מאן קאן פון זיינע געלד ניט האבען אזא גרויסע הנאה און אזוי פיל תענוג ווי דער לערנער האט פון זיין לערנען דען דער תענוג גשמי איז הבל, דארום גיב איך דיר מיין עצה אז דו זאלסט פאהרען אין א גרויסע ישיבה לערנען. דאס בעסטע וואלט זיין אין דער ישיבה פון רבי חייא.

באלד נאך דער צואה האט ער אויסגעצויגען זיינע פיס און הענד און איז נסתלק געווארען.

גרויס כבוד האבען איהם די שטאדט-לייט געגעבען, בעגראבען איהם ווי עס פאסט פאר א גרויסען צדיק.

באַלד נאָך שבעה איז שלומיאל אװעקגעפאָהרען אין דער ישיבה פון רבי חייא.

---

## ד.

שלומיאל איז געװען אַ גרויסער מתמיד, ער האָט געלערנט טאָג און נאַכט. דערצו איז ער געגאַנגען בדרך הישר. ער האָט געהיט די תורה מיט אַלע מצות. נור די מצוה „ציצית" האָט ער געהיט מעהר װי אַלע מצות: ער האָט די מצוה מקיים געװען װי דער פסוק זאָגט וראיתם אותו וזכרתם את כל מצות ה׳. נור איין זאַך האָט ער ניט מקיים געװען געמליך: ולא תתורו אחרי עיניכם... דער יצר הרע פון „אחרי-עיניכם" איז געװען זעהר שטאַרק. שלומיאל האָט איהם בשום אופן ניט געקאָנט בעזיגען...

אין דער ישיבה װאו שלומיאל האָט געלערנט האָט געטראָפען אַזאַ זאַך: איינער אַ רייזענדער איז געקומען אין יענעם בית-המדרש. ער האָט געדייזט אין װייטע לענדער, בעזוכט אינזלען, און האָט פיל װאונדערליכע זאַכען געהערט און געזעהען. נאַטירליכע אנטיקען און איבערנאַטירליכע.

שלומיאל האָט ליעב געהאַט צו הערען מעשיות האָט ער מיט דעם רייזענדער פיל פערבראַכט.

ריידענדיג האָט ער איהם ערצעהלט דאָס אויף דעם אינזעל N. איז פאַראַן אַ זעלטענע שעהנע פרויענצימער. װען אַ יונגער מאַן װיל איהר בעזוכען מוז ער איהר געבען פיער הונדערט זהובים (אַזאַ מין גאָלדשטיק) פאָראויס.

שלומיאל האָט זיך ערקונדיגט די אדרעסע און ער האָט איהר געשיקט די פיער הונדערט זהובים און געבעטען זי זאָל איהם בעשטימען אַ צייט װען צו קומען איהר בעזוכען.

ווי די פרויענצימער האט דאס געלד מקבל געווען האט זי איהם בעשטימט א געוויסע צייט ווען ער קאן קומען צו איהר.

צו דער בעשטימטער צייט איז שלומיאל אוועקגעפאהרען צו איהר, און ער האט זיך געזעצט ביי דער טהיר פון איהר שטוב.

— ווער זענט איהר? — האט איהם איהר דינסט געפרעגט — און וואס ברויכט איהר.

— מיין נאמען איז שלומיאל בן פלטיאל — האט ער געענטפערט — איך ברויך צו די מאדאם.

די עטלעכע ווערטער איז געווען גענוג פאר איהר, זי איז באלד נעגאנגען און האט די זונה געמעלדעט דאס דער יונגער מאן וואס האט איהר געשיקט די פיער הונדערט זהובים איז געקומען און ער זיטצט ביי דער טהיר ער ווארט אויף איהר באפעל ארייגצוקומען צו איהר.

— זאל ער ארייגקומען — האט זי בעפוילען.

---

ה.

זיטצענדיג אליין ביי דער טהיר האט ער אנגעפאנגען טראכטען און קלערען וואס מיט איהם טהוט זיך, ער האט זיך פארגעשטעלט די גרויסע שטראף וואס ער וועט נאכרעם דערפאר האבען. ווי אזוי וויל ער פערקויפען חיי עולם פאר חיי שעה... ער האט זיך פארגעשטעלט דעם פאטערס געזיכט ווי ער קוקט אויף איהם און וויינט און זאגט: איך ביטע דיר, מיין ליעב קינד, פערשווארץ ניט מיין פנים... לאז מיך ליגען רוהיג אין מיין קבר, פארשפיל ניט דיין חלק אין גן עדן, פארפלעק ניט דיין נשמה מיט אזא שרעקליכען שווארצען פלעק. האב אויף דיך און מיך רחמנות, טרייב אוועק פון דיר דעם יצר הרע וואס וויל דיך אנ־

גליקליך מאַכען. וועלען מיר ביידע צוזאַמען שפּאַצירען אין גן עדן.

די געדאַנקען האָבען איהם שטאַרק צורודערט, ער האָט זיך געשראָקען פאַר זיך אַליין, ער איז געזעסען ווי אַ צומיסטער אַ פער־צווייפעלטער, אַ דערשלאָגענער, ביי איהם איז אין קאָפּף דורכ־געגאַנגען אַ פלאַן צו אַנטלויפען פון דעם אָרט, עס האָט זיך איהם געדוכט אַז ער זיטצט ביי דער טהיר פון גיהנום און באַלד וועט זיך די טהיר עפענען וועט ער אַריינפאַלען אין גרויסען פייער וואָס ברענט דאָרטען פאַר די רשעים. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט ווי וועט ער אויס זעהען אחר המעשה, ער וועט זיך שעמען פאַר זין אַליין, דער מלאך וואָס ווערט בעשאַפען פון אַזאַ חטא, וועט איהם בעגלייטען ביז דעם קבר און נאָכדעם וועט ער איהם בעשטראָפען.

אויף דער גאַס איז געוואָרען פלוטצלונג דונקעל, דער הימעל האָט זיך פערצויגען מיט אַ שוואַרצען וואָלקען, גרויסע בליטצען און שטאַרקע דונערן האָבען זיך געוויזען און געלאָזט הערען.

— דאָס איז אַ איבערנאַטירליכער וועטער — האָט שלומיאל געזאָגט צו זיך זעלבסט — ער איז איבערנאַטירליך ווי מיין קומען אַהער איז געגען די נאַטור, דען באמת ווי קום איך צו טהון אַזאַ עבירה, איך שלומיאל בן פלטיאל, אַ תלמיד מובהק ביי רבי חייא, זאָל איך אין איין מינוט פערשפילען ביידע וועלטען? דען ווען מיין רבי וועט זיך דערפון ערוויסען, וועט ער מיך אַרויס־טרייבען פון זיין ישיבה. און דערוויסען דערפון וועט ער געוויס, ווייל הימעל און ערד האָבען געשוואָרען צו ענטדעקען אַלע סודות. (אַ וועלט זאָגע) און אונזערע חכמים זאָגען: אדם עובר עבירה בסתר והקב"ה מכריז עליו בגלוי (סוטה ג'). אַלזאָ איך האָב

קײַן אַנדערער פּלאַן ניט סײַדען אַנטלױפען פון דאַנען און טאַקי שױן ·

װי ער האָט זיך געשטעלט אױעקצוגעהן, איז נעקומען די דינסט און האָט איהם געמעלדעט דאָס די מאַדאַם רופט איהם ·

— זינדיגען מיט איהר װעל איך ניט — האָט ער בײַ זיך געטראַכט — נור זעהען װי זי זעהט אױס קאָן ניט שאַדען. אַ פּרױיענצימער װאָס זי לאָזט זיך בעצאָהלען פאַר אַ װיזיט אַזאַ גרױסע סומע געלד, דאַרף מען זעהען ·

מיט די געדאַנקען איז ער אַרײַנגעגאַנגען אין שטוב און ער האָט זיך אומגעקוקט פון אַלע זײַטען ·

---

## ו.

שלומיאל איז נתפּעל געװאָרען פון די רײַכקײַט װאָס ער האָט געזעהען אין דאָס הױז · ער האָט נעזעהען אַזעלכע זאַכען װאָס ער האָט דערפון אפילו ניט געהערט קײן מאָל אויף זײַן גאַנ־צען לעבען. ער װאָלט דאָס קײן מאָל ניט גלױבען אַז דאָס קאָן עקסעסטירען אױף דער גאַנצער װעלט ·

צ׳לעם צו בעשרײַבען װאָס ער האָט דאָרטען געזעהען, איז אומעגליך, נור אײן געגענשטאַנד פון אַלע געגענשטענדע איז װערט צו בעשרײַבען נעמליך: ער האָט געזעהען זיבען בעטטען אײנע איבער די אַנדערע. זעכס בעטטען זײַנען זילבערנע און די זיבעטע — אַ גאָלדענע, פון אײן בעט צו די אַנדערע שטעהט אַ זילבערנער לײטער אַרױפצושטײַגען און פון די זעכסטע בעטט צו די זיבעטע — אַ גאָלדערנער לײטער

די אַרבײַט איז אַזױ קינסטליך געװען געמאַכט אַז דאָס האָט געפּאַסט פאַר שלמה המלך ׳

(גאָלדענע בעטט)

די זונה איז אויף די זיבעטע בעט ארויפגעשטיגען און זי האט זיך געזעצט אויף איהר א נאקעטע.

שלומיאל איז אזוי שטארק ענטציקט געווען אז ער האט פערגעסען אן זיין בעשלוס און זיין רעכנונג ניט צו זינדיגען. ער האט אנגעפאנגען ארויפשטייגען אויבען זיך זעטצען נאקענט נעגען איהר.

ער האט שוין געהאלטען ביי די זעכסטע בעט, און ער האט געוואלט ארויפגעהען אויף דעם זיבעטען גאלדענעם לייטער, פלוטצלונג האט זיך איהם געדוכט דאס זיינע ציצית שמייסען איהם אויף זיין פנים און זיי שטעהען פאר איהם ווי פיער עדים.

— עס ברענט דער גיהנם פייער — האט זיך איהם גע־דוכט אז זיי שרייען — אנטלויף פון א סכנות נפשות'דיגען ארט. אט נאך איין מינוט פאלכט דו אריין אין טיפען גיהנם!..

שלומיאל האט זיך שטארק ערשראקען פאר דעם בת־קול וואס האט איהם נעקלונגען אין אויער, ער האט זיך אנגעפאנגען צוריק ארא־רוקען פון די לייטערס ביז ער האט זיך געזעצט אויף דער ערד.

ווי די זונה האט דאס געזעהען, האט זי זיך אנגעצונגען א הרע קליידער און האט אראפגענידערט אויף דער ערד אין גע־שטעלט זיך נעגען איהם און אוויילינקע געקוקט אויף איהם

— מיין העדר! — האט זי געזאגט — איך וועל דיר פון דאנען ניט ארויסלאזען ביז דו וועסט מיר ערקלעהרען וואר־ם ווילסט דו מיך אזוי שטארק בעליידיגען און אן מיך אפילו זיך ניט אנריהרען. זאג מיר איך וויל וויסען וואס פאר א מום (פעהלער) דו האסט אויף מיך געפונען?

— איך שווער דיר ביי מיין לעבען — האט שלומיאל גע־ענטפערט — דאס אויף מיין גאנצען לעבען האב איך אזא שענע

פּרוויִדענציִמער ניִט געזעהען, דער שענסטער בּילד פון דער גאַנצער וועלט איז ניִט אַזוי שען ווי דו בּיִנסט, דו האָסט קיין פעהלער, נור די אורזאַכע וואָס איך וויל אָן דיר זיך ניִט אָנריהרען איז אַ גאַנץ אַנדערע זאַכע. איך מוז דיר דעם אמת זאָגען: מיר יודען האָבּען איינע פון די תרי"ג מצות אַ מצוה וואָס מען רופט איהר „ציציה" (ער האָט איהר זיינע פּיער ציצית געוויזען) יעטצט אַרויפשטייגענדיג צו דיר האָבּען זיך די פּיער ציצית געשטעלט ווי פּיער עדים און זיי האָבּען צו מיר געזאָגט: געה שוין צוריק, זיי האָבּען מיך ער-שראָקען, מתרה געוועזען ניִט צו זינדיגען געגען דעם בּורא עולם. זיי האָבּען מיך שטרענג פערבאָטען דאָס איך זאָל מיין יצר הרע ניִט נאָכגעבּען, איך זאָל ניִט טהון דאָס וואָס מיינע אויגען וויזען מיר און וואָס מיין הערץ געלוכט... בּאמת האָבּ איך בּיז היינט יאָ געפאָלגט מיין יצר הרע, נאָר עס מוז דאָך אַ מאָל נעהמען אַ סוף. איך בּיטע דיך שענע, אַדעלע מאַדאַם, האָבּ אויף מיך רחמנות, ערלויבּ מיך אַ אַעקצוגעהען פון דיר, איך וויל און מוז פערלאָזען דיין הויז איך וויל זיך ראַטעווען פון אַזאַ גרויסען חטא, ניִט זינ-דיגען פאַר גאָטט

— אפשר ווילסט דו צוריק דיינע פּיער הונדערט זהובים — האָט די פּרוויִדענציִמער געפרעגט — קאָן איך דיר בּאַלד אָפּגעבּען. אומזאָנסט, געלד בּרויך איך ניִט.

— אויבּ דו ווילסט — האָט שלומיאל גיִענטפערט — קאָנסט דו דאָס געלד צוטהיילען אָרעמע לייט.

— איך פערלאַנג פון דיר. מיין הער — האָט זי געזאָגט דו זאָלסט מיר זאָגען דיין נאָמען און דיין פאָטערס נאָמען, אויך דעם נאָמען פון דיין שטאָדט וואו דו וואָהנסט און דעם נאָמען פון דיין רבי אויך דעם נאָמען פון דיין בית המדרש וואו דו לערנסט.

שלומיאל האט איהר פערלאנג ערפילט, פערשריבען אלס דייטליך
אזוי ווי זי האט געוואונשען און איהר אבגעגעבען דאס פאפיער.

— וואס פאר א שטארקע מצוה די ציצית זענען — האט
זי געזאגט צונעהמענדיג ביי איהם דעם צעטעלע — אז זיי האבען
דיך אפגעהאלטען פון צו זינדיגען.

— עס איז קיין וואונדער ניט — האט שלומיאל גיענט-
פערט — אונזער גאט האט אונז געגעבען די גרויסע מצוה און
דערביי האט ער געשריבען צוויי מאל „אני ה׳ אלהיכם" דאס הייסט:
איך גאט בין אייער גאט איין מאל מיינט ער דערמיט צו
זאגען: איך קאן בעשטראפען דעם מענשען וואס פאלגט
ניט מיינע מצות, און דעם צווייטען מאל מיינט ער מיט די ווער-
טער „אני ה׳ אלהיכם" איך קאן בעצאהלען גוטעס דעם מענשען
וואס פאלגט מיינע מצות. און דאס מוסט דו וויסען אז גאט איז
בעגלויבט מקיים צו זיין אלס וואס ער האט מבטיח געוועזן. הלואי
וואלט דער מענש איהם פאלגען, ווי ער איז זיכער פיל גוטעס צו
געניסען, איז ניט דא און באלד. וועט זיין שפעטער דארטען. עס
ווערט פאר אלס בעצאהלט ווי דעם צדיק אזוי דעם רשע יעדען
מענשען ווי ער פערדינט — אלזא איך האב דיר ריכטיג געזאגט
מיין נאמען וואלט איך וועלען וויסען דיין נאמען.

— מיין נאמען איז — האט זי גיענטפערט — זעלדע דיא
בת יהודה.

שלומיאל איז געווארען בלאס און דערשראקען, ער האט
זיך ערינערט ווער זי איז, און ווי אמאל זענען זיי געוועזן
בעפריינדעט.

---

(שלדע נע בעטל)

ז.

— וואָרום בינסט דו בלאַס געוואָרען — האָט זעלדע גע-
פרעגט — איז דיר מיין נאָמען אַזוי שטאַרק שרעקעדיג ?.

— איך מוז דיר די וואַרהייט זאָגען — האָט שלומיאל
גיענטפערט — דאָס איך האָב אַ בעסערע געדעכטניס ווי דו.
איך וועל דיר ערצעהלען איין פאַקט וועסט דו זיך פיליינבט ערדינערן,
די מעשה איז אַזוי געווען: ל"ג בעומר בין איך אַרומגעגאַנגען מיט
פיל חברים מיינע שפּאַצירען אין וואַלד וואָס הינטערן שטאָדט,
אויך דו מיט פיל מעדכען זענען דאָרטען געווען, מיר האָבען אונז
צוזאַמענגעטראָפען אין מיטען געדיכטען וואַלד, מיר זענען דענסט-
מאָל אַלט געווען אַנ'ערך פון דרייצעהן פיערצעהן יאָהר.

איינער פון אונזער געזעלשאַפט האָט אַ געשריי געגעבען:
אַ וואָלף געהט צו אונז, פון שרעק האָבען זיי אַלע גענומען לויפען,
נור דוא זעלדע און איך האָבען אַזוי שנעל ניט געקאָנט לויפען,
זענען מיר געבליבען ווייט פון זיי. דער וואָלף איז געקומען
נאָהנט פון אונז האָסט דו אָנגעפאַנגען שרייען געוואַלד! ראַטעווע!.

ווי איך נעדיינק איז דער וואָלף געווען אַ גרויסער און
אַ הונגעריגער, זיינע ביידע אויגען האָבען געפינקעלט ווי צוויי
גרויסע שטערן, איך האָב געחאַפּט אַ גרויסען פלאָקען וואָס ער
איז געלעגען אין וואַלד און איך האָב איהם אַ קלאַפּ גע-
געבען, געטראָפען איהם אין קאָפּ, האָט ער קיין צייט געהאַט
אַ קרעכץ צו געבען, ער איז געפאַלען טויט.

איך האָב איהם גענומען אויף מיינע שולטערן און מיר ביידע
זענען אַריינגעגאַנגען אין שטאָדט.

(גאָטור שרכן)

גאַנץ שטאָדט מענשען יונגע און אַלטע זענען אונז נאָכגע־
לאָפען זעהען דעם וואונדער דאָס אַ פיערצעהן יאָהריגער קינד האָט
בעזיגט אַזאַ גרויסען וואָלף. מיינע עלטערן און דיינע עלטערן
האָבען מיך געקושט. מתנות געגעבען, איך האָב שבת אין גרויסע
שול געבענשט „גומל"

נאָכן דאַוונען האָט דיין פאָטער אַלעמען געלאַדען אויף ברכה.
דאָרטען הי׳ט מען זיך לוסטיג געמאַכט, דער „עולם" האָט פער־
לאַנגט פון דיר דו זאָלסט אַ געשריי געבען: „געוואלד! ראַטעוועט!"
אַזוי ווי דו האָסט געשריען אין וואַלד.

דו האָסט זיי געפאָלגט. און איך האָב געזאָגט: ניין דאָס
איז אַ געמאַכטער געשריי און יענער אין וואלד איז געווען פון טיע־
פען הערצען.

אַ לאַנגע צייט בין איך ביי איי אַ הויז געווען אַ בן־בית.
מיך פלעגט ציהען צו אייך ווי אַ מאַגנעט.

אַ מאָל בין איך געקומען צו אייך האָב איך קיינעם ניט גע־
פונען. אַ לעדיגע שטוב. איך האָב מיך ערשראָקען און שטאַרק
געוואונדערט. נאָכדעם האָב איך געהערט אַז איהר זענט אַנטלאָ־
פען פון שטאָדט.

פיל נעכט האָב איך ניט געקאָנט שלאָפען, מיר איז געווען
לאַנגווייליג די צייט. איך האָב שטאַרק געבענקט נאָך אייך, איך
האָב חוקר ודורש געווען וואו איהר זענט אָבער ווי אין וואַסער
אַריין. מאַנכע מענשען אין שטאָדט האָבען געזאָגט אַז שדים האָבען
אייך צוגעהאַפט. עס טרעפט אפילו אַז שדים האַפען צו. אָבער
איין מענשען. ניט דריי אויף איין מאָל. ביי מיר איז געבליבען
אַ פּלאַן: איך זאָל פאָהרען אייך זוכען ביז איך וועל אייך געפינען.
נור מיין פּלאַן האָב איך ניט געקאָנט אויספיהרען ווייל איך לערן

אין אַ גרויסע ישיבה. נור יעטצט אַז איך האָב געוואָלט בערוהיגען מיין יצר הרע בין איך צו דיר געפאָהרען. אַגב פילייכט וועל איך אויך געפינען די דריי אַנטלאָפענע גוטע פריינד. גאָט צו דאַנקען אַז איך האָב דיר געפונען, הגם אין אַזאַ לאַגע... אַלזאָ ביטע איך דיר ערצעהל מיר וואָס מיט דיך האָט זיך פאַסירט פון יענער צייט ביז היינטיגען טאָג, איך וויל אַלעס קלאָהר וויסען.

---

## ח.

— עס זאָל קיין יודישע טאָכטער טרעפען וואָס מיט מיר האָט געטראָפען — האָט זעלדע אָנגעפאַנגען ערצעהלען — אַ ראָמאַנען־שרייבער וואָלט פון מיינעם שרעקליכען ערצעהלונג פערפאַסט אַ גאַנץ גרויסען בוך. נור איך וועל דיר ערצעהלען די מעשה ניט איבערטריבען. אָט ווי אַזוי דאָס האָט פאַסירט, דעם ריינעם אמת! הער זיך גוט צו.

געווים געדיינקסט דו נאָך וואָס פאַר אַ ראָליע מיין פאָטער עליו השלום האָט געשפּילט ביי אונז אין שטאָדט, ער איז געווען רייך, געפיהרט גרויסע עסקים — געהאַט קרידיט אין אַלע בייננק, זיין וועכסעל האָט געהאַט די זעלבינע ווערטה ווי מזומן געלד. ווען איינער האָט געברויכט אַוועקלייגען געלד ער האָט דאָס געלד ביי זיך ניט געוואָלט האַלטען, האָט ער דאָס ביי מיין פאָטער אַוועקגעלייגט בעסער ווי אין באַנק. דער פאָטער איז געווען אַ גרויסער צדיק. אַ בעל צדקה, אין אַלע חברות איז ער געווען איינגעשריבען, זיין נאָמען איז געווען גרויס פון נאָהנטען און פון וויטען, יעדער

האָט געהאַלטען פאַר אַזהרע ווען דער פאָטער האָט מיט איהם גערעדט.

אַז איך בין אַלט געוואָרען פיערצעהן יאָהר האָבען שדכנים אָנגעפאַנגען מיר צורעדען שדוכים. דער פאָטער האָט געזוכט פאַר מיר אַ חתן אַ עילוי, אַ פרומען און אַ יחסן. אויף געלד האָט ער ניט געקוקט, דאָס הייסט: דער חתן מעג זיין אָרעם נור ער זאָל האָבען אַלע מעלות און זיין בעגאַבט מיט מדות טובות.

„ביי מיין פאָטער איז געווען אין געשעפט אַ יונגער מאַן אַ בוכהאַלטער. ער האָט דעם גאַנצען געשעפט געפיהרט, דער פאָטער עליו השלום האָט זיך אויף איהם פאַרלאָזען אין גאַנצען ווי אויף אַ געטרייען מענשען. און ער האָט ניט געוואוסט אַז ביי דעם בוכהאַלטער אין האַרצען ליגט אַ גיפטיגע שלאַנג און אַ טיגער...

דער בוכהאַלטער האָט פערשטאַנען ווי זיי איינצוצאַמען קיינער זאָל דאָס ניט באמערקען: ער האָט זיך קיין רשות נעגעבען אַרויסצוגעהען פון האַרצען מזיק'ן מענשען, זיי זיינען ביי איהם אין הערצען געלעגען שטיל רוהיג קיינעם ניט געצעפעט.

נור אַלץ ביז אַ צייט, ווי לאַנג דער בוכהאַלטער האָט קיין פּרוּצינע געהאַט זיך צו צעפּען צום פאָטער האָט ער געוויזען נור אַן עלקייט און פיינקייט.

עס האָט זיך אָבער געמאַכט אַזאַ מעשה. דער בוכהאַלטער האָט געוואָרפען אַנ'אויג אויף מיר ער האָט זיך אין מיך איינגעליבט. אַנ'אַנדערער אויף זיין אָרט וואָלט אַזאַ ליבע דערשטיקט. קיינער זאָל פון דעם ניט וויסען. ער האָט זיך אָבער ניט געקאָנט איינהאַלטען, ער פלעגט קומען צו אונז אַהיים און פלעגט געפינען אַ געלעגענהייט ווען קיינער איז אין שטוב געווען און פלעגט מיך קושען און אַרומנעהמען מיט העסע ליבע. אין אָנפאַנג האָב איך מיך געשעמט צו ערציילען דערפון מיינע עלטערן, ווייל איך האָב נעגלויבט דאָס ער

(גאָלדענע בעטל)

מאַכט שפּאַס. נור נאָכדעם אַ ביסעלע ווײַטער אַז איך האָב געזעהען דאָס ער מײַנט ערנסט... האָב איך אַ ביסעלע נור ערצעהלט מײַנע מוטער. ווען איך וואָלט ערצײַלט אַלס וואָס ער טהוט מיט מיר, וואָלט איהם דער פאָטער גלײַך אַרויסגעטריבען, נור איך האָב מיך געשעמט צו ערצײַלען דײַטליך, האָב איך נור געזאָגט דאָס דער בוכהאַלטער מאַכט פון מיר צופיל שפּאַס. דער פאָטער עליו השלום האָט דאָס אויך אָנגענומען פאַר אַ שפּאַס און ער האָט איהם געזאָגט; יעקב! איך ביטע דיר דו זאָלסט מעהר קײַן שפּאַס מאַכען מיט מײַן טאָכטער זי איז נאָך אַ קינד און דו בינסט עלטער פאַר איהר מיט צעהן יאָהר. דו זוך זיך אַנאַנדער פרײַלײַן מיט איהר שפּאַס צו מאַכען. אין פאַל ווען איך וועל הערען נאָך אַמאָל אַז דו רעדסט מיט מײַן טאָכטער, וועל איך דיר פון מײַן הויז אַהויסטרײַבען דען בײַ מיר אין הויז דאַרף ניט פאָרקומען אַזעלכע סקאַנדאַלען.

וואָלט איהם מײַן פאָטער באַלד אַרויסגעטריבען וואָלט ער ניט אונגליקליך געוואָרען. ער האָט אָבער אויף דעם בוכהאַלטער קײַנע שלעכטעס נעקלעהרט, ער האָט איהם גערעכענט אַלס היפּש אָרדענטליכער מאַן. און באמת האָט מען פון איהם קײַן מאָל ניט געהערט אַ גראָב וואָרט. אַלע האָבען איהם געהאַלטען פאַר אַ רוהיגען שטילען בעשײַדענעם מענשען.

ווי דער בוכהאַלטער האָט געהערט מײַן פאָטער'ס רייד, האָט ער פערשטאַנען דאָס ער קאָן מײַן חתן ניט ווערען. האָט ער נור גיענטפערט: מײַן ליבער העהר. איך האָב מיך נור ערלויבט צו אונטערהאַלטען אַ קלײַן ווײַלע מיט אײַער שענע טאָכטער, און אַז איהר ערלויבט מיך דאָס ניט, וועל איך דאָס מעהר ניט טהון.

**(גאלדענע בעטל)**

דער אַנטוואָרט האָט מײַן פֿאָטער בערוהיגט און מעהר האָט ער דערפֿון ניט געהערט.

---

# ט.

בײַ דעם בוכהאַלטער האָט דאָס אין הארצען געבּרענט ווי אַ פֿײַער. ער האָט זיך בּעשלאָסען צו נעהמען פֿון אונז נקמה. „מען מוז זײַ אָפּ שנײַדען די פֿליגלען" — האָט ער בײַ זיך געטראַכט — „כדי זײַ זאָלען ניט פֿליהען אַזוי הויך". שטילערהײַט האָט ער געמאַכט גרויסע צרות אין די בּיכער, נאָכדעם האָט ער זײַנעם אַ גוטען פֿרײַנד פֿערטרויט אַ סוד דאָס מײַן פֿאָטער האַלט ניט ווײַט פֿון בּאַנקראָטירען, אָט די טעג מוז דאָס געשעהען.

אַזאַ סוד בּלײַבּט קײַן סוד ניט, אײנער ערצעהלט דעם אַנדערן, און דער סוד געהט אַרום עפֿענטליך, אַלע האָבּען דערפֿון געהערט בּסוד, אַלע האָבּען זיך גע'סוד'ט, יעדערער האָט געזאָגט זײַן מײַנונג, די אמת'ע גוטע פֿרײַנד האָבּען געזוכט אויף איהם אַ זכות אַז ער מוז בּאַנקראָטירען, קײנער איז ניט געקומען פֿרעגען דעם פֿאָטער אויבּ דאָס איז אמת, אָדער אַ פֿאַלשע אויסגעטראַכטע זאַך, מען האָט אָנגעפֿאַנגען אָבּציהען די קאָנטען, אַלע בּעלי חובות וואָס האָבּען געהאַלטען בײַם פֿאָטער זײַער געלד, האָבּען אויף אײן מאָל געפֿאָדערט פֿון איהם ער זאָל זײַ זײַער געלד צוריקגעבּען, עס זענען פֿריהער געווען פֿיל מענשען וואָס האָבּען זיך קוים אײַנגעבּעטען בײַ דעם פֿאָטער ער

זאָל בײַא זײַא צוגעהמען זײַער געלד, הגם אָהן פּראָצענט . ווײַל זײַא ווילען זײַער געלד ניט האַלטען בײַא זיך . אַנדערע האָבען איהם געלד גענעבען אויף קלײנע פּראָצענטען . ווײַל בײַ איהם אַז דאָס געלד ליגט זענען זײַ זיכערער וויא צו הויז . נאָכדעם ווי דער בוכהאַלטער האָט אין שטאָדט אויסגעקלונגען דאָס מײַן פאָטער האַלט שלעכט , האָבען פיל מענשען אָנגעפאַנגען אָבצוּ־ נעהמען זײַער געלד . און דיא וועכסלען וועלכע ער האָט נעהאַט צו פאָדערן , זענען נאָך ניט געוועזען פעליג . דאַרום האָט מײַן פאָטער געמוזט באַנקראָטירען , און פון גרויס בזיונות און טאַקע פאַר שרעק , זענען מיר אַנטלאָפען אין לאָנדאָן וואו קײנער קאָן אונז ניט .

---

ו.

אין לאָנדאָן ווען איך פלעג אַרויסגעהן אין אַ גאָרטען אָדער אַזויא גלאַט אויף דער גאַס , האָבען מיך פיל יונגע לײַט בעטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס . איך בין דענסטמאָל אַלט געוועזען פונפצעהן יאָהר און האָב אויסגעזעהען וויא 24 , הויך נעוואַכסען און דיק . דיא בלוט אין פנים האָבען געפינקעלט . מײַן פיגור איז זײַא געפעלען געוועזען . זײַא זענען מיר נאָכגעגאַנגען זעהען וואו איך לאָזיר אום צו ערפאַהרען וואָס איך טהו אין לאָנדאָן :

אַ מאָל איז מײַן פאָטער געפערליך קראַנק געוואָרען גע־ וועהנליך פון פערדרוס , און איך בין נעגאַנגען אויף דער גאַס מיט פערוויינטע אויגען , איז צו מיר צוגעגאַנגען אַ בלאָנדער יונגער מאַן , הויך געוואַכסען , זײַנע אויגען האָבען געפינקעלט , רײַך געקלײדעט ווי אַ פּראַנט .

— פרײַלײן ! — האָט ער געזאָגט — ערצעהלט מיר פאַר וואָס איהר ווײַנט , פיליײכט וועל איך אײַך קאָנען העלפען .

— איך מיט מיינע עלטערן זענען דאָ אין לאָנדאָן פרעמד — האָב איך גיענטפערט — און מיין פאָטער איז שטאַרק קראַנק.

— איך בין דאָקטאָר האָפּערמאַן — האָט דער יונגערמאַן זיך פאָרגעשטעלט — איך וועל געהן מיט אייך זעהען דעם קראַנקען פּילייכט קאָן קומען דיא הילף דורך מיך, און אויב איהר וואָהנט וויט וועל איך דינגען א פוהרמאַן.

איך האָב איהם מיין אַדרעסע געזאָגט.

— איך וועל קומען צו אייך מיט נאָך אַ דאָקטאָר מיינער אַ קאָלעגע, מיר וועלען דעם קראַנקען גוט בעטראַכטען.

גוועהנליג האָט ער אָנגעקלונגען אין אַ טהיר מיר האָט ער געבעטען ווארטען אַ ווייל, ער איז אַריינגעגאַנגען אין שטוב, עס האָט ניט לאַנג געדויערט איז ער אַרויסגעקומען מיט זיין קאָלעגע, מיר דרייא האָבען זיך געזעטצט אויף אַ דראָנסקע און מיר זיינען געקומען צום קראַנקען פאָטער.

דער קאָלעגע האָט פערשריבען אַ רעצעפּט און האָפּערמאַן האָט גענומען דעם רעצעפּט געגאַנגען אין אַפּאָטהעק און האָט געבראַכט די מעדיצין פון אַפּאָטהעק, און האָט דעם פאָטער איינגעגעבען.

אין דריי טעג צייט איז דער פאָטער געשטאָרבען, האָפּערמאַן האָט אונז בעהאַנדעלט ווי ער וואָלט געווען אַ איינען קינד.

— אַך! — האָב איך געזאָגט צו זיך אַליין — וואָס פאַר גוטע מענשען עס געפינען זיך אין לאָנדאָן, ווער זאָל וויסען אַז האַפּערמאַן איז קיין דאָקטאָר נור אַ פּראָסטער „האָפּערמאַן" וואָס ער קאָן האַפּט ער...

---

# יא.

עטלעכע מאָל טעגליך האָט האָפּערמאַן אונז בעזוכט,

(גאלדענע בסטל)

יעדעס מאָל האָט ער אונז געבראַכט גוטע שפּייז, ווייַן און געלד אויך, ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אַז ער איז זעהער רייַך, ער האָט אוצרות מיט גאָלד און זילבער וואָס קיין מיליאָנער אין לאָנדאָן פערמאָגט דאָס ניט. ער האָט זיך געצייגט ערעל און פיין און גוטהערציג. ער האָט אויף מיר אויסגעגעבען איינינע צעהנדליג פונט שטערלינג*) איך האָב פון איהם קיין מאָל ניט געהערט אַ צווייא זייטיגען וואָרט... איך האָב איהם געהאַלטען פאַר דעם פיינסטען מענשען אויף דער וועלט.

אַ מאָל איז ער אַ גאַנצען טאָג ניט געקומען ווי זיין שטייגער איז געווען, איך בין געווען אונרוהיג, דען יעדער זאַך איז אַ געוואָהנהייט, מען געוואָהנט זיך איין מיט אַ מענשען ווערט ער ליב און אַנגענעהם, און אַז ער קומט ניט צו דער געוואָהנליכער צייט פעהלט ער און מען בענקט נאָך איהם.

פאַרנאַכט איז ער געקומען אַ פאַרמאַטערטער און האָט געזאָגט: אַ שווערע אָפּעראַציאָן האָב איך הייַנט געהאַט אין קייזערליכען קליניק איך האָב דעם גאַנצען טאָג געהאָרעוועט געאַרבייט, איך מוז אַ ביסעל זיך דורכפאָהרען אויף אַ שיפל אויף דיא טעמזע האַפען אַ ביסעל פרישע לופט, אויב אייך פרייליין איז אַנגענעהם פאָרט מיט מיר צוזאַמען. און די מוטער וועט אויך מיט אונז פאָהרען וועט אונז זיין פרעהליכער.

מיט אַ טיפע כונה האָט ער געלאַדען די מוטער כדי עס זאָל אויף איהם קיין חשד פאַלען. און נאָך אַ כונה האָט ער גע-

*) א פונט שטערלינג נאך דעם קורס האלט אונגעפעהר צעהן רובל רוסישע געלד.

מײַנט אונז בײדען צו פאנגען, נור ניט איך ניט דיא מוטטער האָבען געקלעהרט אז ער מײַנט גרוזאמעס צו טהון מיט מיר.

דיא מוטטער האָט געענטפערט דאס זי דאנקט פאר דיא פערגניגען, זי שרעקט זיך צו פאָהרען אויף דעם וואסער און האָט אונז געוואונשען א פערגניגענדע רײזע. און מיר האָבען זיך פון איהר פעראָבשײדעט אָהנע צו וויסען אז דאס איז דער לעצטער קוש אויף אונזער גאנצען לעבען.

---

## יב.

מיר זענען געקומען צום ברעג האפפען האָט ער מיר אַרײַנגעזעטצט אין א שיפעל און אלײן איז ער אויך אַרײַנגעשטיגען. מיר זענען א היפשע צײַט געפאָהרען. ביז מיר זענען געקומען צוא א גרויסע שיף.

דיא גאנצע וועג איז ער געזעסען מיט צווײ יונגע מענשען און גערעדט אזא שפראך וואס איך האב קײן וואָרט פערשטאנען. עפעס א מין גנבה'שע שפראך וואס גנבים רײדען איהר. איך בין געזעסען און האב מיך געוואונדערט.

— איהר וואונדערט אייך, פרײלײן אויף אונזער שפראכע. מוז איך אייך פאָרשטעלען מײנע צווײ קאלעגען וואס ארבײטען מיט מיר צוזאמען אין קליניק דאס איז העררר פאָגעלפאנגער. און דער צווײטער פראָיעניעגער, זײא פאָהרען מיט דעם זעלביגען צוועק וואס איך און מיר רײדען א דאקטאר-שפראך.

מיר זענען צו געשוואומען צו א גרויסע שיף וואס זיא האָט געברויכט אוועקגעהען אין צווײ שטונדען צײַט אויף דעם ווײטען אינזעל וואו איך בין יעטצט, מיר אלע פיער זענען ארויפגעגאנגען אויף דיא גרויסע שיף מיט דעם אויסרײד צו בעזעהען

אַ גרויסע שיף. איך האָב געזעהען וויא זייא דרייא האָבען זיך געסור׳ת מיט אַ יונגען מאַן. אָבער מיר האָט זיך קיינע שלעכטעס געחלום׳ת, איך האָב אויף מיין דאָקטאָר קיין זאַך ניט נעקלעהרט.

מיר פיער זענען אָריינגעגאַנגען אין אַ קאַיוטא,

דער דאָקטאָר האַפערמאַן האָט געביטען דעם דינער פון ביפעט ער זאָל געבען דריי גלעזער ווייַן און איינע אַ לעערע גלאָז, דער דינער האָט אַזוי געטהון. דער פאַלשער ד״ר האָט אַרויסגע־נומען פון קעשענע אַ פלעשעל ווייַן און האָט אָנגעגאָסען די לעערע גלאָז און האָט מיר מכבד געווען צו טרינקען זאָגענדיג אַז די ווייַן איז אויסנאַמסווייזע פיר שענע פרייליינס.

ווי איך האָב די ווייַן פערזוכט, האָב איך באַלד אַיינגע־שלאָפען און ניט געוואוסט וואו די דריי פאַלשע דאָקטוירים זענען געבליבען, איך האָב ניט געוואוסט אַז זיי זענען מערדער, פרויענ־הענדלער און האָבען מיר געפאַנגען און פערקויפט אין טיראַנישע הענד מיך אונגליקליך צו מאַכען מיך צו בערויבען מיין עהרע...

---

## יא.

אַ לאַנגע צייט האָב איך געשלאָפען. מיר האָט זיך געחלום׳ת דאָס מיינע מוטער זיצט און וויינט, פון גרויס פערדרוס איז זי קראַנק געוואָרען זי האָט געוויינט און געשריען: מיין ליבע טאָכ־טער. פון איהרע גרויסע געשרייען האָב איך אויפגעוואַכט.

איך האָב מיך אומגעקוקט און געזעהען דאָס איך זיטץ אין אַ פערשלאָסענעם חדר. קיין מענש איז ניטאָ, דער גאַנצער הדר וואַרפט זיך הין און הער

עס איז מיר געוואָרען פינסטער אין מיינע אויגען, אין אָנ־פאַנג האָב איך געמיינט אַז מיר חלום׳ט זיך דאָס, נור נאָכדעם

האָב איך געזעהען אַז דאָס איז קיין חלום... איך וואָלט מיך געוויס אַריינגעוואָרפען אין ים. נור די טהיר פון קאַיוטע איז געווען זעהער פעסט פערשלאָסען און דער פענסטער אַ קליינע עפנונג וואָס אַ מענש קאָן ניט דורכקריכען.

פלוטצלונג האָט זיך גיעפענט דיא טהיר און עס איז אַריינגעקומען אַ הויכער יונגער מאַן מיט דיקע רויטע באַקען, מיט אַרויטע קליינע בערדל, מיט גרויסע אויגען מיט גראָבע הענד, און האָט געזאָגט: פרײלײן! ציינט מיר אייער שיפס קאַרטע וואוהין איהר פאָהרט.

— וואָס פאַר אַ שיפס קאַרטע? — האָב איך גיענטפערט וואו זענען די דריי דאָקטוירים וואָס האָבען מיך געפיהרט שפּאַצירען געניסען דעם ים לופט, וואו הין פאָהר איך יעטצט, וואו בין איך אין דער וועלט, זאָגט מיר האָט אויף מיר רחמנות. איך ביטע אייך, ערצעהלט מיר צו וועלכען צוועק האָט איהר מיך געפאַנגען? וואָס מיינט איהר דערמיט? איהר זאָלט וויסען אַז איך האָב אַ גרויס פאַמיליע אין לאָנדאָן, זיי וועלען אייך געוויס ניט שווייגען.

— וואָס מאַכט איהר זיך נאַרעש פרײלײן? — האָט דער יונגער מאַן גיענטפערט — איך בין דאָ אויף דער שיף ניסט מעהר וויא אַ קאָנטראָלער. ביטע איך אייך ציינט מיר אייער שיפס-קאַרטע, ווען ניט קאָן איך אייך חשד זיין אַז איהר האָט אייך אַריינגעגנב'ת אויף דער שיף, וועט איהר קומענדיג אויף אַנ'אָרט, וואו די שיף געהט, בעצאָהלען דאָפּעלט, און אַזעלכע מעשיות טרעפען אָפּט און אויב איהר האָט קיין געלד וועט איהר מוזען אָפּאַרבייטען מיר וועלען אייך פערקויפען פאַר אַ שקלאַווין.

ער האָט גיענדיגט רעדען איז ער אַרויסגעגאַנגען און אַ דינער האָט אַריינגעבראַכט אַבענדבראָדט און געזאָגט: עסען מוז אַ מענש, ער קאָן פון דונגער ניט שטאַרבען, וואו איהר וועט

נעֶהמעֶן געֶלד צו בעֶצאָהלעֶן פאַר די שיפּס־קאַרטעֶ וועֶט איהר נעֶהמעֶן צוא בעֶצאָהלעֶן פאַר דיא שבּײז.

עֶר האָט דיא שפּײז אַוועֶקגעשטעֶלט אין איז אַרויסגעֶגאַנגעֶן און האָט די טהיר פעֶרשלאָסעֶן.

## ידי'

פון דעֶם מסחר וואָס וועֶרט געֶרופעֶן „שקלאַוועֶן האַנדעֶל" האָב איך שוין לאַנג געֶהעֶרט, נור אַז דאָס זאָל מיט מיך געֶשעֶהעֶן, אַז איך זאָל וועֶן עֶס איז אַרײַנפאַלעֶן אין אַזאַ גרויסעֶן אונגליק, האָב איך קײן מאָל ניט געֶטראַכט. ניט געֶקלעֶהרט. דיא גאַנצעֶ נאַכט האָב איך ניט געֶקאָנט שלאָפעֶן, דעֶר קאָפּף האָט מיך זעֶהעֶר וועֶה געֶטהון.

באַלד אין דעֶר פריה איז דעֶר הויכעֶר דיקעֶר יונגעֶר מאַן אַרײַנגעֶקומעֶן אין קאַיוט צו מיר און האָט געֶפרעֶגט: פיליײַכט האָב איך דיא שיפּס־קאַרטעֶ פעֶרלאָרעֶן, איך האָב אָבעֶר פעֶרשטאַנעֶן אַז עֶר מאַכט זיך נור אַנ'איסרײַד אַז עֶר האָט רעֶכט פאַר וואָס עֶר וויל מיך פעֶרקויפעֶן פאַר אַ שקלאַווין, איך האָב איהם האַרטעֶ גראָבעֶ רײד גיעֶנטפעֶרט, און עֶר איז ניט אין כעס געֶוואָרעֶן נור געֶשמײכעֶלט. זײַן לאַכעֶן האָט מיך געֶשטאָכעֶן וויא אַ שאַרפעֶר שפּיטציגעֶר פײל. איך האָב מיך געֶפּרובירט רײדעֶן מיט איהם מיט גוטעֶן, רײד מיט איהם רײד מיט דעֶר וואַנד, עֶר האָט מיר גיעֶנטפעֶרט מיט דעֶם זעֶלביגעֶן שמײכעֶל וויא געֶכטעֶן אַז איך האָב איהם געֶפלוכט געֶשימפּט, ווי עֶס ווײזט אויס איז עֶר שוין אײַנגעֶוואָהנט צו הערעֶן גוטעֶ און שלעֶכטעֶ רײד, עֶר בעֶקימעֶרט זיך ווײניג.

אָט אַזויא האָב איך מיך עֶטלעֶכעֶ חדשים געֶקוואָלעֶן אויף

(גאלרס:ע בעמל)

דעם שיף. ביז מיר זענען געקומען אויף דעם אינזעל. דא בין איך געבראכט געווארען אין א רייכע הויז. דער ווירטה איז געוועזן אן אלטער אונפערהייראטהער מאן, ער האט פאר מיר בעצאהלט א גרויסע סומע געלד, און ער האט מיר פערשפראכען רייך צו מאכען ווען איך וועל ערפילען זיין ווילען. און אויב איך וועל איהם דערצו ליבען און געטרייא זיין. וועט ער מיך געבען א פריי קוויטונג. וועט מיר קיינער ניט טארען מעהר פאנ־גען. דען דא איז פאראן א געזעץ ווען איינער אדער איינע ווערט פערקויפט אלס שקלאווע און דער וואס האט איהם געקויפט טהוט מיט איה״ם חסד און ער גיבט איה״ם א פריי קוויטונג. דאס הייסט ער בעפרייט איהם פון שקלאווערייא טאר איהם קיינער מעהר ניט חאפען און פערקויפען פאר א שקלאווע ער האט די זעלבע רעכט ווי אלע מענ־שען, דער אלטער האט מקיים געווען אזוי ווי ער האט מיר פערשפראכען.

פון דענסטמאל אן האב איך געקויפט דאס הויז און אויפגע־נומען געסט, ניט וועניגער וויא צו פיערהונדערט זהובים, און הגם אויף אזא גרויסע סומע געלד זענען פאראן וועניג בעלנים דאך בין איך רייך געווארען אזויא וויא דוא זעהסט

באמת מוז איך דיר זאגען אז מיר וואלט געווען זעהר גוט, נור צוויי דאגות פארביטערן מיך מיין לעבען, די ערשטע דאגה איז מיין מוטער. איך האב שוין עטלעכע בריף געשריבען צו איהר אין לאנדאן און האב קיין אנטווארט. גאט ווייסט אויב זי לעבט, די צווייטע דאגה מיינע איז וואס איך וויל פטור ווערען פון מיין גאנצע לאגע, איך וואלט וועלען הייראטהען מיט אנארענטליכען גאט'ס פארכטי־גען מענשען און לעבען מיט איהם ווי אלע יודען טהוען. דער שענסטער נעזינדסטער בעסטער און פיינסטער לעבען איז א פאמיליענלעבען.

(גאלדענע בעטל)

## טו.

דִי גאַנצֶע צַיִט וואָס זעֶלדעֶ האָט עֶרצעֶהלט אִיהר שרעֶק־
לִיכעֶ געֶשִיכטעֶ אִיז שלומִיאֵל געֶזעֶסעֶן און געֶקוקט אִיהר אִין דִי אויגעֶן.

— דיין עֶרשטעֶ דאגה וועֶגעֶן דיין מוטעֶר — האָט שלומִיאֵל געֶזאָגט — קאָן אִיך דִיר בּעֶרוּהִיגעֶן, זִי זִיטצט אִין דִי זעֶלבִּיגעֶ שטאָדט וואו אִיך בִּין, זִי אִיז אפִילוּ אָרעֶם אָבּער עֶס פעֶהלט אִיהר קיין זאַך נִיט. דעֶן וויפִיל איין מעֶנש בּרויך אויף אִיהר לעֶבּעֶנס־
מִיטעֶל גִיבּ אִיך אִיהר, זִי האָט בּאַלד נאָך אִיהר מאַנס טויט פעֶר־
לאָזעֶן לאָנדאָן און אִיז געֶקומעֶן אִין אִיהר אַלטעֶן אָרט. פִיל פון אִיהרעֶ בּעֶקאַנטעֶ האָבּעֶן אַפִילוּ געֶפרעֶגט „הזאת נעמי"? דִי געֶ־
וועזעֶנעֶ רייכעֶ פרוי וואָס האָט געֶלעֶבּט אַזוי גלִיקלִיך מִיט אַ מאַן מִיט אַ שעֶנעֶ טאָכטעֶר מִיט אַ גרויס געֶשעֶפט און יעצט אִיז זִי אַליין, אַלס פעֶרלאָרעֶן. עֶלעֶנד, אָרעֶם, נִידעֶרגעֶשלאָגעֶן. אמת פִיל מעֶנשעֶן האָבּעֶן בּעֶדויעֶרט אִיהר לאַגעֶ, אָבּעֶר נור מִיט זייעֶר מויל, נִיט מִיט זייעֶר קעֶסעֶנעֶ. וויל בּיי יודעֶן אִיז אַ כלל כל הפושט יד נותנים דאָס הייסט ווער עֶס קאָן בּעֶטעֶן אַ נדבה גִיבּט מעֶן אִיהם און דיין מוטעֶר דִי געֶוועֶזעֶנעֶ גבירתה זִי האָט פעֶרלאָרעֶן אִיהר געֶלד אָבּעֶר נִיט אִיהר שטאָלץ אִיהר עֶדעֶלקייט, זִי קאָן נִיט בּעֶטעֶן בּיי יעֶנעֶם אַ נדבה, דאַרום גִיבּ אִיך אִיהר מִיט עֶרעֶלקייט. כלומר'שט אִיך לייה אִיהר דאָס בִּיז גאָט וועֶט אִיהר העֶלפעֶן וועֶט זִי מִיר אָבּגעֶבּעֶן.

— אִיך דאַנק דִיר עֶדעֶלעֶר שלומִיאֵל — האָט זעֶלדעֶ גיעֶנט־
פעֶרט — דו האָסט מִיך מִיט דיינעֶ נייעֶם זעֶהר עֶ־פרייט מִיט וואָס קאָן אִיך דִיר דעֶרפאַר דאַנקעֶן? אויבּ דו ווִילסט געֶלד וועֶל אִיך דִיר אָבּגעֶבּעֶן אַ האַלבּעֶן פעֶרמעֶגעֶן מיינעֶם.

— מיין בּעֶסטעֶ בּעֶלאָהנונג וואָלט זיין — האָט שלומִיאֵל

(גאָלדענע בעטל)

ניעגטפערט — אַז דוא וואָלסט זיך אומקעהרען צוריק צו דיין פאָלק, און ווערען אַ עהרליכע יודינע, דעם אמת מוז איך דיר זאָגען אַז איך האָב דיך גערעכנט פאַר אַ הײדין. האָב איך געוואָלט אָבקיהלען אַ ביסעל מיין יצר הרע, ניר יעצט אַז איך האָב דין געפונען הגם אין אַזאַ לאַגע . . . דאַנק איך און לויב גאָט דעם מחיה נפשות רבות וואָס ער האָט צו מיך געשיקט זיין הילף איך זאָל געראַטעוועט ווערען פון אַזאַ גרויסע עבירה. די זעלביגע מוסטו אָנווענדען אַלע דיינע כחות אַוועקצוואַרפען דיין עסק און קומען צו אונז אַ היים, ווערסט דוא לעבען מיט אַלע יודישע לייטען גלייך.

— ווי אַזוי קאָן איך דאָס טהון? — האָט זעלרע ניענטפערט — דאָס ערשטע ווי וואַרפט מען אַוועק אַזאַ גרויסען פערמעגען. און צוויי-טענס: איך שטעל מיך פאָר ווי וועל איך אויסזעהן ביי מיר צו הויז. יודען וועלען מיך האַלטען ווי אַ נפש — חוטאת. קיינער וועט ניט וועלען מיט מיר חתונה האָבען. זיי, די פרומע שטאָדט לייט וועלען זיך שעמען מיט מיר אפילו צו רײדען.

— וועגען דעם דאגה ניט — האָט שלומיאל גיענטפערט — אויב דו וועסט וועלען מיך גליקליך מאַכען און זיך אויך, און אויב איך געפעל דיך ווי דו מיך, וועלען מיר ביידע חתונה האָבען, נור ניט דאָ, נייערט אין אונזער שטאָדט.

— דו געפעלסט מיך זייער נוט — האָט זעלדע גיענטפערט — גלויב מיר אַז מיט מיין גאַנצען האַרצען און מיט מיין גאַנצען לעבען וועל איך זיך איבערגעבען אין דיינע הענד, איך וועל מיט גרויס פערגניגען אַלס וואָס איך פערמאָג פאַר קויפען און קומען צו דיר, איך וועל מיך שעטצען פאַר די גליקליכסטע אויף דער וועלט צו האָבען אַ טהייערן מאַן ווי דו בינסט. דו און וויסען זאָלסטו דאָס דו וועסט האָבען אַ געטריי פרוי איך וועל זיין צו דיר איבערגעבען

מיט מײַן גאַנצע נשמה און מיט מײַן גוף. איך זאָג דיר צו הײליג אַז פון יעצט אָן און ווײַטער וועל איך קײן מענשען צו זיך ערלויבען צו קומען... איך וועל ווערען פון יעטצט אָן אַ גרויסע צנועה.

---

## טז.

אַז דו בינסט צופרידען מיט מײַן פאָרטראַט — האָט שלומיאֵל געזאָגט — וועל איך דיך מקדש זײַן מיט אַ שטר ווי דער דין איז און גאָט וועט זײַן אונזער עד אויף דעם אַז מיר זאָלען בײדע האַלטען וואָרט. ניט חרטה האָבען. איך וועל דערווײַל אָוועקפאָהרען אַ הײם. עס איז מיר שאַדע דער ביטול תורה. און דו וועסט וואָס שנעלער אַלס מאַכען צו געלד און קומען צו מיר דו וועסט מיר געפינען בײַ רבי חייא אין ישיבה.

דײַנע מוטער וועל איך דערווײַל גאָר קײן זאַך ניט ערצעהלען ביז דו וועסט קומען.

ער האָט איהר מקדש געווען, די ערשטע מתנה וואָס ער איהר און זי איהם האָבען געגעבען איז געווען אַ וואַרעמער קוש.

זײ האָבען זיך פרײַנדליך ליבליך און הערצליך געזעגנעט און זי האָט איהם אַוועקגעשיקט בשלום.

---

## יז.

זעלדע האָט גענומען איהר גאַנצען פערמעגען צוטהײלט אויף דרײַ חלקים, אײן חלק האָט זי געשאָנקען די דאָרטיגע רעגירונג, דעם צווײטען חלק האָט זי צוטהײלט אָרעמע לײַט און דעם דריטען חלק האָט זי גענומען מיט זיך.

אַלס וואָס זי האָט געהאַט האָט זי פערקויפט, אויסער די גאָלדענע בעט האָט זי גענומען מיט זיך, ווײַל דאָס ערשטע האָט זי קײן בעלן ניט

(גאלדענע בעטל)